Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 4.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.
טעלעפאן נומער 624
איינצעלנע נומערן 8 העל.

# יודישע ארבייטער=צייטונג

ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אדער איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, 28 kwietnia 1905. נומר. 4 קראקוי, 28 אפריל, 1905.



## דער ארבייטער יום־טוב.

גלייך נאך דעם יודישען און קריסטליכען יום־טוב קומט דער נייער ארביימער יום־טוב — דער ערשטער מ א י. ער איז צו זיי עהנליך און שיידעט זיך פון זיי אב. ווי זיי, איז ער אויך א פייערטאג פון בעפרייאונג, פון אבשאפען אלע ליידען [און דריקונגען, פון ברענגען אויף דער וועלט גליק — פאר אלעמען. מעהר אבער ווי אין דעם איז ער צו זיי ניט עהנליך. די זמן חירותנו פון דער ארביימער קלאסע וועט ניט קומען פון הימעל, ווי עס איז אמאהל כלומרשט געווען. עס וועלען ניט פארקומען קיין נסים, עס וועט ניט פארבויגען ווערען די נאטור, עס וועט ניט פאסירען גאר ניט אונגאטירליכעס. פארקעהרט, אלעס וועט די ארביימער קלאסע האבען צו פערדאנקען נור זיך אליין אהן נסים, אין נאטירליכען אופן, דורך דעם קאמפף מיט די אויסבויטער, וואס האלטען קינסטליך איין דעם אונגאטירליכען צושטאנד אויף דער וועלט. און נאך מעהר שיידעט זיך דער מאי־יום־טוב אב פון די צוויי יום־טובים דער־מיט, וואס ער איז א קאמפפס־יום־טוב, וועלכער האט שוין א גרויסע פערגאנגענהייט און נאך א גרעסערע צוקונפט.

דעריבער שרעקט זיך די בורזשואזיע אזוי פאר דעם יום־טוב, אזוי ווי זי שרעקט זיך פאר דעם קלאסענקאמפף, צו וועלכען ער רופט. זי רעדט גאנ'ץ גערן פון דער אמאהליגער פרייהייט, פון א יום זכרון, אבער זי וויל ניט וויסען פון דער פרייהייט אויף איצט און די צוקונפט. דערפאר אבער האט דער ערשטער מאי אזא גרויסע בעדייטונג פאר די ארבייטער.

דאס יאהר אבער ערווארטען אלע דעם ע־שטען מאי מיט אנ'אונגעווערגליך גרויסע שפאנונג. די סאציאליסטישע בעוועגונג האט דעם יאהר געמאכט גרויסע פארטשריטע — אין דער טיעף מעהר ווי אין דער ברייט. דער אינטערנאציאנאלער קאנגרעס האט בעגייסטערט די פארשטעהער פון אלע ארבייטער פארטייען און האט זיי געשיקט א היים מיט דעם בעפעהל: פראלעטאריער פון די זעלבע לענדער פעראייניגט אייך. און זיי זענען געקומען צו־פאהרען א היים און עס דערצעהלט די ארבייטער מאסען. און די ארבייטער מאסען האבען מיט זייער געזונדען אינסטינקט פערשטאנען, אז פון די מחלוקת'ין אין דער זעלבער ארבייטער קלאסע געניסט נור די בורזשואזיע. און זיי האבען זיך פעראייניגט. און מיר האבען געזעהן, ווי פערשיעדענע ארבייטער גרופען און פארטייען אין פראנקרייך, וואס האבען געפיהרט יאהרען לאנג א מלחמת אחים האבען זיך פעראייניגט. דער היינטיגער ערשטער מאי וועט אלזא זיין א יום־טוב פון ארבייטער סאלידאריטעט פאר אלעם אין דעם זעלבען לאנד, ביי זיך אין דער היים.

נור דער זיעג פון דער ארבייטער קלאסע פאדערט ניט נור די סאלידאריטעט פון די ארבייטער אין דער זעלבער מדינה, נור אויך פון דעם פראלעטאריאט פון אלע לענדער, ווייל דער קאפיטאליזמוס איז אינטערנאציאנאל, ווייל ער קען ניט קיין גרענעצען און קיין שטערונגען. און אויך אין דער הינזיכט האבען מיר דעם יאהר פיעל דערגרייכט. אין רוסלאנד האט דא ניט לאנג געקעמפפט מיט איהר גרעסטען שונא די ארבייטער קלאסע פון אלע פעלקער און מדינות, וואס געפינען זיך אין דער ריעזיגער רייך. פון קאווקאז ביז פעטערסבורג, פון אוראל ביז סאסנאוויץ האט די ארבייטער קלאסע געקעמפפט גלייכצייטיג מיט דעם רוסישען דעספאטיזמוס. אזא ארבייטער סאלידאריטעט פון אזוי פיעל פערשיעדענע פעלקער און נאציאנען, אין דער זעלבער צייט, ווען די רעגירונג סטארעט זיך מיט אלע קרעפטען זיי אנצורייצען איינע אויף די אנדערע, קען די געשיכטע ניט. אין רוסלאנד האבען מיר געזעהן ניט לאנג ווי אזוי די צוקינפטיגע סאציאלע רעוואלוציאן וועט אויסזעהן, וואס פאר א ריעזיגע מאכט די ארבייטער מאסען פון די פערשיעדענע לענדער וועלען זיין, ווען זיי וועלען זיך פעראייניגען.

אבער דער קאמפף אין רוסלאנד איז נאך ניט געענדיגט. די צארישע בעסטיע איז שטארק פערוואונדעט, זי בלוטיגט, אבער זי איז נאך גענוג שטארק, זי איז נאך ווילדער געווארען. ניט איין מאל וועט נאך די ארבייטער קלאסע פון גאנץ רוסלאנד זיך מעסטען מיט דעם היינטיגען זעלבסטהערשענדען סיסטעם. אונזער סאלידאריטעט קען איהר אין דעם קאמפף פיעל העלפען. לאמיר זיך פערקוקען אויף דער בורזשואזיע. די פראנצויזישע און דייטשע בורזשואזיע לייהט דער רוסישער רעגירונג געלד, זי זאל קענען ווייטער עקזיסטירען. מיר מוזען אלזא העלפען דער רוסישער ארבייטער קלאסע.

דעם ערשטען מאי וועט דאס פראלעטאריאט פון גאנץ מערב אייראפא מאניפעסטירען זיין סאלידאריטעט מיט דעם פראלעטאריאט פון רוסלאנד. און לאמיר ניט פערגעסען, אז דעם זעלבען ערשטען מאי וועט פייערן אויך דאס פראלעטאריאט פון גאנץ רוסלאנד, גרייטזייענדיג צו די גרעסטע אפפער.

אונזער היינטיגער יום־טוב איז א וואהרער קאמפפס־יום־טוב.

## די „פועלי ציון".

איבעראל כמעט און פאר אלעם אין רוסלאנד זענען די ציוניסטען אנפאנגס געווען איין אונפארמיגע מאסע, וועלכע האט געזונגען דיזעלבע ליעדער, געהערט און גערעדט דיזעלבע רעדעס און געטאנצט דעם זעלבען קדוש לכבוד דעם ציוניזמוס. עס הייסט ניט, אז אלע ציוניסטען האבען דאן געהאט דיזעלבע אינטערעסען, אז אלע האבען געהערט צו דער זעלבער קלאסע און געשטאנען אויף דעם זעלבען קולטורשטאנד. ניין, עס האבען ווי היינט, געהערט צו דער ציוניסטישער פארטיי מענשען פון פערשיעדענע געזעלשאפטליכע קלאסען, וואס האבען געהאט פערשיעדענע אינטערעסען און זיינען געשטאנען אויף פערשיעדענע קולטורשטאנדען. נור זיי האבען דאן איבערגעלעבט די זיסע חדשים, זיי זיינען דאן שכור געווען פון די



דירעקטאָרען, מעכנאַלאָגען און ז. וו. וועלכע נעהמען אין פֿערגלייך מיט די געוועהנליכע אַרבייטער זעהר אַ גרויסע געהאַלט, וועלכע האָבען אָפֿטמאָל אונטער זיך אַרבייטער און פֿאַר־טרעטען פֿיעל מאָהל דעם פֿאַבריקאַנט. זיי קענען ווידער ניט פֿערשטעהען, אַז זיי זענען גלייך מיט אַלע אַנדערע אַרבייטער, אַז מען צאָהלט זיי טייערער נור דערפֿאַר, ווייל זייער בילדונג האָט געקאָסט זעהר טייער, אַז זיי ליעגען אונטער די זעלבע געזעטצען וואָס אַלע אַנדערע אַרבייטער,—ווייל זיי שטעהען ווייט פֿון דעם געוועהנליכען אַרבייטער, ווייל זיי לעבען ניט אין זיין קרייז, ווייל זיי לעבען אַסך געהנטער מיט די פרינצ־פעלער, ווי מיט די אַרבייטער. אָבער פֿון דעם, אַז די ניעדרינסטע אין די העכסטע אַרבייטער ווייסען ניט, אַז זיי זענען אויסגעבויטעט איז נאָך נים געדרונגען, אַז זיי זענען ווירקליך ניט אויסגעבויטעט, אַז זיי זענען ניט קיין פּראָלעטאַריער מיט אַלע פּראָלעטאַריער צוגלייך. "מיט דער צייט אָבער ווען דער סאָציאַליזמוס מאַכט שוין גרויסע פֿאָרטשריטע צווישען די פֿאַבריק־ און גרעסערע וואַרשטאַטען אַרבייטער, פֿערשפּרייט ער זיך נאָכהער אויך אויף די ביידע עקען פֿון דער אַרבייטער קלאַסע: אויף די אָרימסטע און אויף די רייכסטע אַרבייטער.

דאָס זעלבע איז ביי אונז יודען. פֿאַבריק אַרבייטער זענען דאָ ביי אונז וועניג, אם לייכטעסטען פֿערשפּרייט זיך אַלזאָ דער קלאַסענבעוואוסט זיין אין די כּפֿערען אַרבייטער פֿון די גרעסערע וואַרשטאַטען, וואו יעדער אַרבייטער פֿערשטעהט אליין, חאָטש ניט טהעאָרעטיש, אַז דער בעל־הבית לעבט פֿון זיין פּראַצע. די כּפֿערען אַרבייטער און אַ קליינינקע טהייל אידעאַליסטען אינטעלינענטען פֿילען אין די רעוואָלוציאָנערע קאַדרען אין רוסלאַנד און די זעלבע אַרבייטער זענען דער קערן פֿון די יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער פֿעראיינען אין גאַליציען, די אגיטאַציע איז פֿערשווערט צווישען די יודישע אַרבייטער ביי די אָרימע מייסטערלעך, וועלכע נעהמען פֿיעל מאָהל צוזאַמען מעות חיטים אויף מצה, וועלכע נעהען ביידע אַבגעריסען און האַלב־באָרוועס, וועלכע זיטצען ביידע אין בית־מדרש אונטער'ן בימה ווייט, ווייט פֿון די "פני", קורץ וועלכע זענען צוזאַמענגעפּלאָנטען מיט די זעלבע שטריק פֿון נויטה און אַרמוטה. פֿערשווערט איז אויך די אגיטאַציע צווישען דער יודישער נעווערקשאַפֿטליכער אינטעליגענץ, וועלכע טרעט אריין אין די סאָציאַליסטישע רייהען פֿיעל עפּטער פֿאַר דער קריסטליכער אינטעליגענץ צוליעב איהר אָפּאָזיציאָנעלען כאַראַקטער און צוליעב איהר געזעלשאַפֿטליכער לאַגע, אָבער דאָך, אין גאַנצען גענומען, געהט זי נאָך האַנד אין האַנד מיט דער בורזשואַזיע צוליעב דער זעלבער אורזאַכע פֿאַר וועלכער די קריסטליכע אינטעליגענץ האַלט זיך נאָך מעהרסטענטהייל פֿון דער ווייטענס און טרעט זאָגאַר אַרויס פֿיינדליך געגען דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג.

(פֿאָרטזעצונג פֿאָלגט).

מ. מיכלזאהן.

# דער אכטשעה'דיגער ארבייטסטאג און זיין בעדייטונג.

שוין איהם יאָהר 1857 דעם 21־טען אַפּריל האָבען 700 מאָן צום ערשטען מאָל דעמאָנסטרירט אין מעלבורן (אויסטראַליען) כדי צו געווינען דעם 8־שעה דיגען אַרבייטסטאָג. זיי זענען דורך געגאַנגען די גאַסען פֿון דער הויפּטשטאָדט מיט פֿאָהנען, אויף וועלכען עס זענען געוועזען געשריבען די דאָזיגע ווערטער:

"אכט שעה אַרבייט; אַכט שעה רוה, אַכט שעה שלאָף".

פֿון דער צייט זענען שוין אַ סאַך יאָהר פֿערגאַנגען. די אַרבייטער פֿון מעלבורן און פֿון דער גאַנצע קאָלאָניע וויקטאָריא האָבען זיך אויסגעקעמפּפֿט אַ אַכט שעה'דיגען אַרבייטסטאָג און זיי פֿייערען דען 21־טען אַפּריל אַלס אַ גרויסען פֿאָלקס יום טוב. ניט נאָר דאָס פֿאָלק נעמט אַנטהייל אין די שמחה פֿון דעם גרויסען הייליגען טאָג. נור אַפּילו דער גובערנאַטאָר, די ערשטע בעאַמטע און די פֿאַבריקאַנטען קומען אויך ווי געסט צו די אַרבייטער. אַלע זענען צופֿריעדען, די קאַפּיטאַליסטען, די פּאָליטיקער און די אַרבייטער. דאָס איז געווען די ערשטע פּראָבע און זי איז געלונגען, די אַרבייטער לעבען ווי מענשען, און די פֿאַבריקאַנטען האָבען קיין שום שאָדען דערפֿון.

די ענטוויקלונג פֿון דער גאַנצער מענשהייט האָט מיט זיך געבראַכט אַ אונגעהייערע ענטוויקלונג פֿון דער טעכניק. דאָס וואָס מען האָט געהאַלטען פֿאַר אונמעגליך מיט הונדערט יאָהר צוריק, איז יעצט געוואָרען צו ווירקליכקייט. אריסטאָטעלעס, (דער גרעסטער גריכישער פֿילאָזאָף) האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז די קנעכטשאַפֿט וועט פֿערשווינדען ערשט דאַמאָלס, ווען די גאַנצע נאַטור וועט זיין אויף אונזער בעפֿעהל, ווען די מאַשינען וועלען פֿערטרעטען די מענשליכע אַרבייט. מען האָט זיך נאָר ניט געקענט פֿאָרשטעלען, ווי דאָס וועט זיין מעגליך. און וואָס וואָלטען זיי יעצט געזאָגט צו די קליינציגע מאַשינען צום נייהען, וואָס מאַכען 800—400 שטיענעס אויף איין מינוט, צו די אונגעהייערע מאַשינען, וואָס מען בעניצט יעצט אין די וועבערייען, צו די מאַשינען, וואָס דרוקען אונזערע ביכער און צייטונגען, וואָס אַקערן, שניידען די תבואה פֿון פֿעלד, צו די גרויסע האַמער פֿון 20,000 קל. גר. געוויכט, וואָס אַ קליין קינד קען זיי בעוועגען. דאָס אַלעס איז שוין ערפֿילט, פֿון וואָס מען האָט נאָר אים חלום געטרוימט און דאָך איז די קנעכטשאַפֿט ניט פֿערשוואונדען, זי איז נאָך גרעסער געוואָרען. פֿריהער האָבען נור דערוואַקסענע מענשען געאַרבייט, יעצט אָבער מוזען אויך קליינע קינדער אַרבייטען. אים יאָהר 1897 האָבען אין רוסיש פּוילען 11,784 קינדער שווער געאַרבייט אין די פֿאַבריקען, מען האָט שוין איינגעפֿיהרט אַ שטענדיגע אַרבייט ביי טאָג און ביי נאַכט. מען האָט שוין איינגעשפּאַנט די פֿרויען, וועלכע האָבען געזאָלט די קינדער ערציהען. דאָס אַלעס איז דערפֿאַר, וואָס די אַלע מאַשינען, אויף וועלכע עס האָבען זיך געאַפּפֿערט טויזענדע מענשען, זענען יעצט איינענטהום פֿון פּריווילעגירטע מענשען. דער קלענסטער

— שמעל זיך אויף די פֿיס, דו מענשע־קינד, געה צו דיינע ברידער און שוועסטער און פֿייער מיט זיי דעם יום טוב...

און איך האָב אַזוי געפֿרעגט:

— דו שעהנע צוקונפֿט, און דו, וואוהין וועסטו געהן?

און זי האָט אַ שמייכעל געטאָהן און האָט אַזוי געענטפֿערט:

— מענשען־קינד, איך הייס "צוקונפֿט" אין אייער לאַנד. אָבער דאָ בין איך שוין ניט מעהר צוקונפֿט, נור דערוויילע געגענוואַרט... איך מוז אוועק פֿון דאַנען אַהין, הינטער יענע הויכע בערג, זעהסט?... הינטער יענע בערג, וועלכע בלישצען מיט די שפּיטצען אין דער גאָלדענער זונן... דאָרט האָב איך אָנגעגרייט פֿיר די מענשען־קינדער פֿון דיעזער לאַנד נייע קוואַלען פֿון גליק, פֿון וועלכע זיי ווייסען נאָך ניט יעצט, אָבער פֿון וועלכע זיי וועלען זיך דערוויסען אין פֿערלויף פֿון דער צייט... דאַן וועלען זיי נעהמען זוכען דיזע נייע קוואַלען און איך וועל זיך צו זיי ווידער אַנטפּלעקען...

און איך האָב ווידער ביי איהר אַזוי געפֿרעגט:

— דו אייביג שעהנע צוקונפֿט, און וואָס וועט זיין נאָכדעם, אַז דו וועסט זיי אוועקגעבען אויך דיזע נייע קוואַלען?...

און זי האָט אַזוי געענטפֿערט:

— מענשען־קינד, ווי די וועלט איז טיעף און גרויס, אַזוי טיעף איז דעם מענשענס גייסט און אַזוי גרויס איז זיין שטרעבען צום גליק... און זאָלאַנג ער וועט שטרעבען צום גליק, אַזוי לאַנג וועט ניט אויסגעטריקענט ווערען דער קוואַל פֿון גליק... און שטרעבען וועט ער אימער, אימער, זאָלאַנג ער וועט לעבען, און לעבען וועט ער אימער, אימער, זאָלאַנג די וועלט וועט שטעהן...

און זאָגענדיג עס, איז די צוקונפֿט פֿערשוואונדען הינטער די הויכע בערג, ווי אַ ליכטיגער, בלאַסקענדיגער שטראַהל...

און דאַן האָב איך אויפֿגעהויבען די אויגען און אַ קוק געטאָהן ארום זיך: און דער הימעל איז געווען בלוי, טיעף־בלוי, און די זונן האָט געגאָסען איהרע גאָלדענע שטראַהלען איבער בערג און טאָהל. אויף די גרינע גראָז, אויף די מאַיאָווע פֿרישע גראָז, אויף די פֿרייע, ניט־פֿערצאַמטע גאָרטענס, אין וועלכע עס האָבען געבליהט בוימער און בלומען פֿון אַלערליי קאָליערען, און אויף די שעהנע געביידעס מיט די שאַרלאַך־רויטע, ווייסע פֿאָהנעס... און די לופֿט איז געווען פֿריש, ריין, מחיה'דיג און עס האָט געאָטהעמט אַזוי פֿריי און געשמאַק...

און דאָ האָבען אין דער לופֿט פּלוצים געגומען שווימען פֿון ערגעץ שעהנע, זיסע, פֿרעליכע טענער פֿון מחיק, צומישט מיט'ן געזאַנג פֿון מענשען שטיממען, און איך בין אוועק נאָך דיזע טענער...

און פֿון מיינע אויגען האָט זיך באַלד פֿאָרגעשטעלט אַ וואונדערבאַרעס בילד: אַ גרויסע, גרויסע מחנה פֿון מענשען אין גרינע קליידער, ווי גראָז, מיט רויטע בלומען אין די לאַטצען, מיט רויטע פֿאָהנעס אין די הענד, האָבען געמאַרשירט, זינגענדיג און שפּיעלענדיג אין איין ריכטונג...

און אין פֿאָראויס איז געפֿאָהרען אין אַ גרינעם וואָגען, געשפּאַנט מיט ווייסע פֿערד, אַ אַלטער, אַלטער מאָן, מיט אַ ווייסער באָרד, ווי ליין, האַלטענדיג אין די הענד אַ רויטע פֿאָהנע.

און איך בין צוגעגאַנגען צו איינעם אין גרינע קליידער און האָב אַזוי געפֿרעגט:

— וואוהין מאַרשירט איהר אַלע? און וואָס איז היינט פֿאַר אַ יום טוב?...

אין פּלוצים בין איך געבליעבען שטעהן אין איבעראַשטער: ווערמען איך האָב געשטעלט די פֿראַגע איז ניט געווען קיין מאַנספערזאָן, נור אַ פֿרויענציםער.

איינפאַכע פלענער, וואָס זיינען אויף זיי אַראָבגעפאַלען מיט אַמאָל פון זייען. ציון, דוכט זיך ווער האָט עס ניט געוואוסט און דאָך איז קיינעם ניט איינגעפאַלען, אז פון דעם ציון זאָל קענען ווערען א ציוניזמוס און אַנשטאָט די פערשיעדענע סקידלער חובבי־ציון־מגידים זאָל מען הערען אייראָפּעאישע רעדנער אין אַ שיינער זאַאל אין שווייץ. די גרעסטע העלפט — האָט זיך דעם ציוניסט געדוכט — איז שוין דאָ און ער האָט זיס געחלומ׳ט...

און דאָס לעבען איז געגאַנגען זיין וועג: דער אַרבייטער האָט ווייטער שווער געאַרבייט, פיעלייכט נאָך שווערער... דער יודישער האַנדעלס־געהילפע האָט ווייטער געאַרבייט 13־14 שטונדען אין מעת לעת, דעם אָרימאַן האָט מען געהעכערט דירה געלד און ז. וו. און ז. וו. קורץ פון דעם זיסען חלום האָבען געגאָסען די יודישע גבירים, די יודישע פאַבריקאַנטען. איבערהויפט אין דער לעצטער צייט, זייט דער אויבען אָן אין בית מדרש איז אביסעל אַרונטערגעפאַלען אין מקח,— האָט אַ מאַנדאַט אויף אַ ציוניסטישען קאָנגרעס, קאָנפערענץ און גלאַט אסיפה גאַנץ גוט פאַרנומען זיין אָרט.

לאַנג האָט עס אָבער ניט געדויערט. די ערשטע האָבען זיך צוריקגעזוינען די פרומע. זיי האָבען זיך אַרומגעזעהען, אַז אָבוואָהל די ציוניסטישע פיהרער לאָזען זיך בויגען און גיבען פיעל נאָך, איז עס נאָך אלעס ניט פון לאָזען זיך בינדען מיט קלעריקאַלע שטריק, ווי די רבנים האָבען עס פערלאַנגט. ניט אַלע זענען אָבער אוועק פון דעם ציוניזמוס. א טהייל איז דאָך געבליבען און שאַפט דעם רעכטען פליגעל פון דעם ציוניזמוס — מזרחיים.

פיעל שפעטער האָט זיך פון דער ציוניסטישער הויי אויסגעשיילט דער לינקער פליגעל: די „פועלי ציון“, „ציוניסטען סאָציאַליסטען“, און גלאַט דעמאָקראַטען. פון דאַן אָן האָט דער ציוניזמוס צוויי קלעצער אויף די פיס: די רבנים און די „סאָציאַליסטען“, וועלכע לאָזען זיך איהם ניט איהר טהון, אָדער — ווען מיר ווילען בענוטצען דעם אַלטען יודישען משל: פון דאַן אָן האָט דער ציוניזמוס צוויי ווייבער. איינע אַן אַלטע און די צווייטע אַ יונגע. די אַלטע פליקט איהם אויס די שוואַרצע האָאַר פון באָרד, כדי ער זאָל אויסזעהען אַלט און די יונגע רייסט אויס די גראָהע האָאַר, כדי ער זאָל אויסזעהען יונג. ער בלייבט אַלזאָ גאָר אָן אַ באָרד.

נור אונז נעהט דאָ ניט אָן דער ציוניזמוס אַליין און ניט זיין רעכטער פליגעל — מורה מוראות פון די מזרחיים. מיר ווילען דאָ זיך אַביסעל צוקוקען צו די „פועלי ציון“. מיר ווילען ענטפערן אויף דריי פראַגען: ווער זענען זיי; וואָס ווילען זיי און מיט וואָס שיידען זיי זיך אָב פון אונז, יודישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען?

ווער זענען זיי? פאַר אַלעס מוזען מיר בעמערקען, אַז זיי זענען דאָ ווערר ווייניג. און דאָס ניט נור ביי אונז, וואו זיי זיינען בלומר׳שט ערשט ניט לאַנג אויפגעקומען, נור זאָגאַר אין רוסלאַנד, וואו זיי „עקזיסטירען“ שוין פיער יאָהר. עס איז זיי גאָר ניט אָנצוזעהען, מען פיהלט זיי גאָר ניט. פון צייט צו צייט ווערט מען געוואָהר, אַז עס זענען דאָ עטליכע ציוניסטישע „חברים“ דערפון, וואָס זיי טרעטען אַרויס נעגען די אַרבייטער סאָץ. דעם. ניט נור אין רוסלאַנד, וואו די נעהיימנים ערלויבט ,זיי צו פאַרשטעלען זייער קליינקייט און שוואַכקייט און ניט נור אין גאַליציען, וואו זיי בעהאַלטען זיך בחדרי הדרים, מען זאָל הס ושלום ניט געוואָהר ווערען ווי שוואַך זיי זיינען, נור זאָגאַר אין לונדון און אין אַמעריקאַ, וואו אַלע פאַרטייען אַרבייטען פראַנק און פריי אונטער דער עפענטליכער קאָנטראָל. אויך דאָרט בעהאַלטען זיך די „פועלי ציון“ אין די לעכער, ווייל זיי שעמען זיך אַרויסצונעהען אויף׳ן גאַס מיט אַ הייפעל אַנהענגער. פון שוואַכקייט איז ניטאָ וואָס צו לאַכען, נור לעכערליך איז, ווען אַ שוואַכער וויל איינרעדען, אַז ער איז גאַנץ שטאַרק.

נור ווער זענען זיי? פון וועלכע שיכטען בעשטעהען זייערע „אַרמעען“? מיר ווילען ניט נאָכזאָגען דעם ציוניסטישען קריטיקער פון די „פועלי ציון“, ה. בינענשטאָק, אַז „די אַרבייטער אין אונזער (ציוניסטישען) לאַגער זענען גרעסטענטהיילס אַ קאַריקאַטור פון „פראָלעטאַריער“...; אונזערע ציוניסטען „אַרבייטער“ זענען טהיילווייז געוועזענע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, טהיילווייז האַנדעלס־אַנגעשטעלטע צו וועלכע דער סאָציאַליזמוס האָט אַ קליינע שייכות“. שוין דערפאַר אַליין, ווייל עס איז ניטאָ קיין אַרבייטער צו וועלכען דער סאָציאַליזמוס זאָל קיין שייכות ניט האָבען. דער סאָציאַליזמוס פערטרעט די אינטערעסען פון די אַלע וועלכע פערקויפען זייער אַרבייט, וועלכע זענען אויסגעבויטעט. ניט נור אַלזאָ צו האַנדעלס־געהילפע, וועלכע זענען מעהרסטענטהיילס נאָך ערגער בעהאַנדעלט און אַרבייטען לענגער פאַר, אָן איינפאַכען אַרבייטער, נור זאָגאַר צו דאָקטורים, אינזשעניערען און צו דער גאַנצער געווערקשאַפטליכער אינטעליגענץ האָט דער סאָציאַליזמוס אַ שייכות. נור דאָך ווייסען מיר, אַז איבעראַל פערשפרייט זיך לייכטער די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע, דער קלאַסען בעוואוסטזיין אין די אַרבייטער שיכטען, וועלכע שטעהען אין געזעלשאַפטליכען לעבען זעהר ווייט פון זייערע אויסבויטער, וואו עס איז זעהר לייכט זאָגאַר דעם אונוויסענדסטען אַרבייטער אויסצווייזען, ווי אַזוי זיין ברויטגעבער בע׳גזל׳ט איהם. דאָס זענען אַרבייטער אין פאַבריקען אָדער אין גרויסע וואַרשטאַטען, וואו דער חלוק צווישען דעם אַרבייטער און דעם פאַבריקאַנט איז אַזוי גרויס, אַז עס וואַרפט זיך אַליין אין די אויגען. גאָר אַנדערש איז מיט די אַרבייטער ביי קליינע מייסטערלאַך, האָטש דער אַרבייטער איז דאָרט נאָך מעהר אויסגעבויטעט ווי אין די גרויסע פאַבריקען. דער מייסטערעל אַרבייט אָבער אַליין אויך און לעבט דערביי אַליין אויך אין דחקות, ער עסט אָפט מאָהל מיט דעם אַרבייטער פון איין שיסעל — וואַסערדיגע גרויפען. דאָרט איז שווערער אויסצווייזען דעם אַרבייטער, אַז ער איז דער אויסגעבויטעטער און זיין מייסטערעל דער אויסבויטער. דאָרט נעהמען זיך לייכט צו אידעען, וועלכע זענען געמיינזאַם דעם אַרבייטער מיט זיין מייסטערעל. דאָס זעלבע איז ווידער ביי די אַרבייטער, ווי אינזשעניערען,

# פעליעטאָן.

סססס

## דער ערשטער מאי פון 50־טען יאָהר.

(אַ חלום).

און עס איז געווען אין דעם ערשטען טאָג פון דעם חודש מאַי, אין יאָהר טויזענד ניין הונדערט און דריי, אין דער צייט פון דעם מלך קאַפּיטאַל, וועלכער האָט געקיניגט מיט אכזריות איבער דער גאַנצער וועלט...

און אין שלאָף האָט זיך צו מיר דאַן אַנטפּלעקט אַ וואונדער שעהנע פרייענגעשטאַלט...

און איך האָב מיט פערוואונדערונג אויף איהר אויפגעהויבען מיינע אויגען. אין אויף איהר ווייסען אַלבאַסטער פנים האָט ליכטיג געשיינט די גליקזעליגקייט. פון איהרע אויגען האָט אַרויסגעקוקט דער קלאָהרער, בלויער, שעהנער הימעל: איהרע לאַנגע גאָלדענע האָר, וועלכע זענען געוועזען צושאָטען איבער איהרע צאַרטע, רונדע פּלייצעס, זענען געפלאָכטען געוועזען מיט שעהנע קראַנצען פון רויטע און ווייסע בלומען און איהר גאַנצע מעכטיגע און שלאַנקע פיגור האָט געאָטהעמט מיט דער קיהלער פרישקייט פון אַן אַלטען, געדיכטען וואַלד און מיט דער נעכטיגקייט פון דער ריינער נאַטור...

און זי האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

— שטעה אויף, דו מענשענקינד, און קום מיט מיר!...

און איך האָב ביי איהר געפרעגט מיט אַ ציטערענדיגען קול:

— ווער ביסטו, דו שעהנע פרויען־טאָכטער?... אויף דיין פנים איז צוגאָסען אַ הימעלשער גליק, אין דיינע אויגען טונקען זיך אָט גאַנצע פריהלינגס זונען און אין גאַנצען קוקסטו אויס גאָר ניט ווי אַ קינד פון אונזער זינדיגער ערד. — אָה, זאָג מיר: ווער ביסטו? און וואוהין רופסטו מיך?...

און זי האָט מיר אַזוי געענטפערט:

— איך בין די צוקונפט... מענשענקינד. איך וויל דיך נעהמען צו זיך, אום צו ווייזען דיר, ווי מען פייערט ביי מיר היינטיגען יום טוב... קום!...

און איידער איך בין געקומען צו זיך פון מיין איבעראַשונג, בין איך שוין געפלויגען מיט איהר דורך־העט אין דעם ווייטען, ווייטען בלויען רוים...

און מיר זענען געפלויגען און געפלויגען אין לופט; די ערד איז אונטער אונז געוואָרען קלענער, דער ים האָט זיך געדרעהט, ווי אַ קליינע שפּיגעל און די גאָלדענע זון האָט פרעהליך געלאַכט אונז אַנטקעגען...

און דאַן האָבען מיר זיך גענומען אַראָפּלאָזען ניעדריגער, ניעדריגער, און נעגען אונז האָט גענומען אַרויסוואַקסען אַ שוואַרצער וואַלד אויף אַ הויכען באַרג; די ביימער האָבען געשושקעט מיט זייערע צווייגען, בעוואַקסענע מיט פרישע גרינע בלעטער, אַזוי ווי זיי וואָלטען אונז בעגריסען... און אונטערן באַרג איז געלעגען צושפּרייט אַ ברייטער, ברייטער גרינער טהאָל מיט ניעדריגע געביידעס פון וואונדערבאַרער, שעהנער אַרכיטעקטור, און איבער די געביידעס האָבען געפלאַטערט ויידענע שאַרלאַך־רויטע פאָהנען, אויף וועלכע עס האָבען זיך געשפּיגעלט די ליכטיגע שטראַהלען פון דער זון...

און פלוצים, האָב איך דערהערט די שטימע פון דער צוקונפט און זי האָט אַזוי געזאָגט:

ארויס קומען, אז די ארבייטער וועלען פערברענגען די פרייע צייט אין ביער־שענקען און קרעטשמעס. אין אויסטראליען זענען אלע שענקערס די גרעסטע פיינד פון דעם 8 שעהדיגען ארבייטסטאג, ווייל זיי האבען שוין בעמערקט, אז וואס קירצער די ארבייטער ארבייטען, אלץ זעלטענער קומען זיי אין שענק. נייע לעזעזאלען און ביבליאטעקען, אבענדשולען, טעכנישע און וויססענשאפט־ליכע בילדונג, געזונדע קערפערליכע איבונגען, אט דאס אללעס זענען געווען די פאלגען פון דעם 8 שעהדיגען ארבייטסטאג אין אויסטראליען און אין אנדערע מדינות. אין דער פראווינץ וויקטאריא זענען דא אויף איין מיליאן איינוואהנער 229 ביבליאטעקען.

מיר זעהען, אז ביי אן 8־שעהדיגען ארבייטסטאג ענטוויקעלט זיך דער ארבייטער גייסטליך, מאראליש און קערפערליך. די פאבריקאנטען האבען ארום זיך פרישע, אינטעליגענטע און פרעהליכע ארבייטער, און די פרעליכקייט און געזונדהייט גיט זיי פרישע ענערגיע צו דער ארבייט. ביי דעם 8־שעה־דיגען ארבייטסטאג האט זיך אויך בעוויזען, אז די שטערבליכקייט צווישען די ארבייטער האט זיך זעהר פערקלענערט. די אלע פאלגען מאכען אונז קלאר אז די ארבייטער זענען אים שטאנד אויסארבייטען מעהר אין 8־שעה ווי אין א לענגערען ארבייטסטאג, אין וועלכען די ארבייטער ארבייטען זיך איבער, פערליערען זייער געזונד און כוחות, דאס חשק צום לעבען און די גייסטליכע ענטוויקלונג.

ווייל אבער די ארבייטער קענען טאקי אין 8־שעה דאס אייגענע אויס־ארבייטען, ווי אין א לענגערע צייט, האבען מיר דערפאר די מעגליכקייט אזא מין ארבייטסטאג איינצופיהרען זאגאר ביי דער היינטיגער געזעלשאפט. דאס פערגרעסערען פון אונזערע אינטעליגענץ, קרעפטען און ענערגיע מאכט די בעדייטונג פון דעם 8־שעהדיגען ארבייטסטאג פאר דער קולטור. ביז יעצט ארבייט דאס גרעסטענטהייל פון דעם פראלעטאריאט זעהר שוועהר, עס ווערט גאר ניט צוגעלאזט צו דערבילדונג, און עס מוז אין פינסטערקייט לעבען. דאך הייבט זיך שוין אן דאס פראלעטאריאט צו וועקען, עס הייבט אן צו פאדערן פאר זיך די פרייהייט, כדי ער זאל קענען געניעסען פון דער קולטור, ווי אנדערע, כדי ער זאל קענען לעבען, ווי פרייע מענשען לעבען. דער קאמפף ווערט אימער שטארקער, ווייל די מאסע איז אימער בעוואוסטער און עס וועט קומען די צייט, און וועלכער דאס פראלעטאריאט וועט אב שאפען דאס קאפיטאל, און פערווירקליכען דאס אידעאל פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערשאפט.

מיט א אזא הויך ציעל פאר די אויגען וועלען מיר ביז צו די לעצטע כוחות קעמפפען.

## פאר דעם 1־טען מאי פערזאמלונגען.

פרייטאג דעם 21 אפריל איז אין ארבייטער־פעראיין „פאסטעמפ" אב־געהאלטען געווארען א פערטרויאונגס־פערזאמלונג, וועלכע איז געוועזען ארגא־ניזירט פון די בעקער־ארבייטער. אויף דעם טאגעס־ארדנונג זענען געווען צוויי פונקטען: 1) די לאגע פון די בעקער־ארבייטער און ארגאניזאציאן. 2) דער 1 מאי פייער. צום ערשטען פונקט האט רעפערירט גענ. בלום. ער האט געשילדערט די טרויעריגע לאגע פון די בעקער־געהילפע. די נאכטארבייט, דאס אונמעגליכקייט צו נעהמען אן אנטייל אין געזעלשאפטס לעבען, ווייל ביי נאכט מוז מאן אר־בייטען, ביי טאג מוז מאן רוהען. העלפען פון אזא לאגע קען נאר אן ארגאני־זאציאן, דען ארגאניזירטע ארבייטער — דאס איז א מאכט מיט וועלכער זאגאר רעגירונגען מוזען זיך ציילען. ער האט גערופען די גענאסען זעהן ווי ווייט מעגליך זיך ארגאניזירען. צום צווייטען פונקט האט רעפערירט גענ. מייזעל. ער האט ערקלערט די בעדייטונג פון מאי־פעסט, די פאדערונגען פון 8 שעה־דיגען ארבייטס טאג, די סאלידאריטעט אונזערע מיט די גענאסען אין רוסלאנד. אין דיסקוסיאן האט אן אנטייל גענומען גענ. בראסס, אס ענדע האט גענ. בלום פאר־געליינט די פאלגענדע רעזאלוציאן: מעהר אלס 100 בעקער־ארבייטער, פערזאמלענדיג זיך פרייטאג דעם 21 אפריל אין פעראיין „פאסטעמפ" בעשליסען: 1) פייערן צו־זאמען מיט דעם גאנצען פראלעטאריאט פון קראקוי דעם יום־טוב פון ערשטען מאי. 2) אגיטירען פיר דער פאך ארגאניזאציאן און צוזאמען מיט דעם גאנצען פראלעטאריאט קעמפפען פיר די בעפרייאונג פון דער ארבייטער קלאסע.

די רעזאלוציאן איז איינשטימיג אנגענומען געווארען.

## פון פראווינץ.

קאלאמעא. מיטוואך דען 12 ד. מ. אום 8 אוהר אבענדס האט די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי פעראנשטאלטעט איין אבשיעדס־פעסט אים ארבייטער־הויזע צו

עהרען פון אונזער גענאסען ד"ר שארר. אויף דעם פעסט זענען געהאלטען געווארען פערשיעדענע אבשיעדס־רעדען, און וועלכע מען האט אויסגעשפראכען די סימפאטהיע פיר אונזערען לאנגיעהריגען פיהרער. גענ. ד"ר שארר האט אין א שטונדיגער רעדע בעדאנקט פיר די איהם געוויזענע עהרע און האט פערשפראכען אויך פאן קראקוי וואו ער זיינע נייע היימאטה געוועהלט האט, אונז מיט ראטה אונד טהאט בייצושטעהען. דאס פעסט האט געדויערט ביז 1 אוהר ביי נאכט; דאן האבען זיך די טהיילנעהמער בעגעבען צום הויזע וואו גענ. ד"ר שארר האט געוואהנט אונד נאך אבזינגענס דעס „טשערוואנע שטאנדור" אונד האכרופע אויף ד"ר שארר איזט יעדער נאך הויזע געגאנגען. אום 10 אוהר פריה האט גענ. ד"ר שארר געזאלט אבפאהרען. שוין אום 8 אוהר האט זיך פערזאמעלט א גרויסע אנצאל פאן עלטערען גענאסען, 40 בעזעצטע פיאקערע זענען פאם ארבייטער־הויזע ביז צו וואהנונג דעס גענ. ד"ר שארר צוגעפאהרען, דארט האט מען געווארטעט אויף גענאסע שארר. ביי זיינעם ערשיינען וואורדען האכרופע גערופען. איניגע הונדערט ארבייטער שטעלטען זיך אין רייהע אונד גליעד אויף דעם באהנהאפע פארטוועהרענד פערשיעדענע ארבייטערליעדער זינגענד אונד האכרופע אויף איהר לאנגיעהריגען פיהרער אויס צושפרעכען. גענ. ד"ר שארר בעדאנקטע זיך ביז דער שנעלצוג וואר שוין גאנץ ווייט.

זא וויסען די גענ. איהרען לאנגיעהריגען פיהרער צו הולדיגען. פוכס.

## קראניכ.

וואס קאסט דער וועלט דאס אויסהאלטען די געקרוינטע. עס איז ידוע, אז די מלכים און די פרעזידענטען נעהמען פון דעם מלוכה'שען אוצר געהאלט, וואס הייסט אין מלוכות ציוויל־ליסטען און אין די רעפובליקען סתם פענסיעס. און דא ווייזט זיך אויס, אז די קאנסטיטוציאנעלע מלוכות גיבען אויף דעם ציעל אויס ווענינער, ווי די דעספאטישע. צווישען די אייראפאישע מאנארכען נעהמט די העכסטע ציוויל־ליסטע ווילהעלם דער III, אלס א פרייסישער קעניג (אלס א דייטשער קייזער נעהמט ער גאר ניט). עס מאכט אויס אן ערך פון 19 מיליאן קרוין; נעהמענדיג אין בעטראכט די פיעל רייזען, א גרויסע משפחה און דעם פאקט, אז ער האט ניט קיין פריוואטען אייגענטהום,– ערלויבט דאס געהאלט ניט אויף קיין גרויסע רחבות. די צווייטע, נאך דער גרויס־נאן, ציוויל־ליסטע נעהמט דער עסטרייכישער קייזער (18,600,000) פון וועלכער ער צאהלט שוין אליין אויס דער קייזערליכער פאמיליע; מען דארף אבער בעמערקען, אז דער עסטרייכישער קייזער האט איינעם פון די גרעסטע פריוואט אייגענטהימער אין דער וועלט. די דריטע ליסטע האט דער איטאליענישער קעניג (העכער 15 מיליאן), וואס איז בעטראכטענדיג די ארימקייט פון דעם לאנד זעהר גרויס. א קלענערע אין פערגלייך מיט דער נאציאנאלער רייכטהום ליסטע האט דער ענגלישער קעניג; זי טראגט אויס 11 מיליאן קראן, און אויסער דעם צאהלט דער שטאאט אויס יעדען מיטגליעד פון דער קעניגליכער פאמיליע אפאנאזשען. דערפאר אבער דאס רייכע פראנקרייך קאסט דאס אויסהאלטען זיין פרעזי־דענט נור 1 מיליאן קראן, און די מעכטיגע פעראייניגטע שטאאטען גיבען אויף דעם ציעל אויס נור 300,000 קראן. אין די דעספאטישע שטאאטען איז די ציוויל־ליסטע אויך העכער: דער צאר נעהמט „בודעים" 42 מיליאן, דער סולטאן 20 מיליאן, און דער כינעזישער קייזער אן ערך פון 45 מיליאן, שוין ניט רעדענדיג דערפון, אז דארט איז דער גאנצער שטאאטליכער אוצר א פריוואט אייגענטהום פון די הערשענדע מאנארכען.

## די ארבייטער וועלט.

דער גענעראל־סטרייק פון די אייזענבאהנארבייטער אין איטאליען. אין די לעצטע צוויי יאהר איז די בעוועגונג צווישען די אייזענבאהנארבייטער זעהר א גרויסע, גיכער א נערוועזע ווי א געזונדע און געלאסענע בעוועגונג. עס ערקלעהרט זיך דער־מיט, ווייל די בעוועגונג טרעפט זיך מיט אלץ פרישע שטערונגען, וועלכע — ביי דעם הייסען טעמפעראמענט פון די איטאליענער — רופט ארויס א רעאקציע און דערנערוויר די ארבייטער. דערפון קומען ארויס עפטערע, זאגאר שלעכט ארגאניזירטע, סטרייקס, וועלכע מוזען זיך גלייך ענדיגען און נאך מעהר פערגרעסערען די פערביסענהייט צווישען די ארבייטער און דער רעגירונג. אזא ערפאלג האט געהאט דער פאראיאהריגער סטרייק פאר די וואהלען אין פארלאמענט, אזא ערפאלג האט געהאט די ניט לאנגעגע אבסטרוק־ציאן פון די אייזענבאהנארבייטער, וואס האט אנגעמאכט די בעזיטצער פון די אייזענבאהנען גרויסע היזקות און אזא ערפאלג וועט וואהרשיינליך האבען אויך דער איצטיגער שוין געענדיגטער סטרייק, וועלכער האט זיך נאך מעהר געגעבען צו פיהלען דער גאנצער בורזשאזיע, ווייל ער איז אויס געפאלען פאר פסח, אלזא אין א צייט, ווען הונדערטער טויזענד „פרומע" זענען עולה לרגל קיין רוים און לאזען דארט איבער א שיינע פאר גראשען.

און עס איז קיין וואונדער ניט, וואס די ארבייטער זענען אזוי אויפגערעגט, זיי מאכען אפט מאהל „תמות נפשי עם פלשתים", אז זיי שאדען אפטמאל דער בור־זשואזיע, ניט העלפענדיג און שאדענדיג זיך אליין. זייט עטליכע יאהר פאדערן די אייזענבאהן ארבייטער בעסערע בעדינגונגען. אנשטאט צו בעפריעדיגען די זייערע גערעכטיגע פאדערונגען, האט די רעגירונג פארגעלייגט אין פארלאמענט א פראיעקט, צו נעהמען אלע באהנען אויף דעם חשבון פון דער מלוכה און מאכען פון די אייזענבאהנארבייטער בעאמטע, וואס הייסט פאר אלעם. פארוועהרען זיי צו סטרייקען. אנשטאט אלזא צו פערבעסערן זייער לאגע, פערערגערט זי נאך די רעגירונג.

דער סטרייק פון די האנדעלס־אנגעשטעלטע אין ווילנא. די ווילנער צייטונ־גען שרייבען: די היגע יודישע בעפעלקערונג, בעזונדער די וואס האט א שייכות צו דער האנדעלס וועלט, געפינט זיך נאך אלץ אונטער דעם רושם פון דעם אלגעמיינעם ארגאניזירטען סטרייק פון די היגע האנדעלס־אנגעשטעלטע, וועלכער האט זיך די טאג געענדיגט. ער האט געדויערט 3 וואכען צייט און האט ארומגענומען ביז 300 קראמען. בעטהייליגט זיך אין איהם 1500 האנדעלס־אנגעשטעלטע. צו די קראמען זענען צוגע

טהייל פון די מענשען האבען זיך אוועקגעראבאוועט אלע פּראָדוקציאָנסמיטעל, און טהון יעצט אזוי, ווי עס איז פאר זיי בעקוועם. דער גרעסטער טהייל ווידער פון די מענשען, די וואס בעזיצען ניט קיין שום אייגענטהום, די ארימע פּראָלעטאריער, מוזען אזוי לאנג לעבען אין ארימקייט, ביז מען וועט ניט אויס'ענדערן די גאנצע קאפּיטאליסטישע אָרדנונג. די קינדער־ארבייט, פרויען־ארבייט, א לאנגער ארבייטסטאג, נאכט ארבייט, קליינע צום לעבען ניט גענינענדע שכירות, פערגרעסערונג פון דער געפעהר ביי דער ארבייט, ארבייטס־לאזינקייט, אט דאס איז אלעס, וואס דער קאפּיטאל האט די מענשען געגעבען. שטאט די ארימקייט אב צו שאפען, וויל דער קאפּיטאל די ארימע אויסראטען. דאך זענען שוין די ארבייטער א ביסעל קלאר געווארען און זיי הייבען אן צו קעמפפען נעגען זייערע אויסבייטער, זיי הייבען זיך אן צו ארגאניזירען. דאך איז זייער קאמפף זעהר שווער, ווייל די קאפּיטאליסטען האבען א מעכטיגען בעשיצער אין דער רעגירונג. די ארבייטער האבען זיך שוין צוואר אויסגעקעמפפט בעשיצענדע געזעצען, דאך ווי די דאזיגע געזעצען זעהען ביי אונז אויס, וויל איך ליעבער ניט רעדען. יעדער פון אונז ווייסט זעהר גוט, אז ווען עס קומט א אונגליקליכער צופאל אין א פאבריק איז אייביג דער ארבייטער שולדיג, דער פאבריקאנט איז אלעמאל ריין, ווי א נייגעבארענעם קינד. דער ארבייטער איז ביי דער ארבייט אין א שטענדיג געפאהר, און ווען ער איז אהן ארבייט, איז זיין לאגע נאך שלעכטער. און די ארבייטס לאזינקייט איז ביי אונז ניט זעלטען. למשל אין דייטשלאנד זענען געוועזען אים יאהר 1895 553,6700 ארבייטער אהן ארבייט. מיט איין ווארט, די ארבייטער לעבען אין דער קאפּיטאליסטישע ארדנונג אזוי, ווי די שקלאפען האבען געלעבט. די ארבייטער זעהען שוין זייערע שרעקליכע לאגע און זיי הייבען אן צו קעמפפען אויף טויט און לעבען מיט זייער גרעסטען פיינד, מיט דעם קאפּיטאליזמוס. צווישען די וויכטיגסטע פאדערונגען שטעלען זיי אויף דעם ערשטען פלאן דעם אכט שעה'דיגען ארבייטסטאג. די פאבריקאנטען שרעקען זיך זעהר דערפאר, ווייל זיי מיינען, אז א מין פערקירצערונג פון דער ארבייטס צייט וועט זיי ברענגען גרויסע שאדען, אז די גאנצע אינדוסטריע וועט פאלען. איך וויל דא ברענגען איינינע ביישפּיעלע, אום צו ווייזען, אז א פערקירצערונג פון דעם ארבייטסטאג איז אזוי פאר די ארבייטער ווי פאר די פאבריקאנטען זעהר נוצליך, ווי מען האט זיך שוין נעקאנט איבערציינען פון פיעלע פראבען, וועלכע די פאבריקאנטען אליין האבען געמאכט.

מען האט זיך איבערציינט, אז דער ארבייטער איז א סך געזונדער און שטארקער ביי אנ'אכט שעה'דיגען ארבייטסטאג, אז ער קען מיט א גרעסערע ענערגיע ארבייטען און פיעל מעהר פראדוצירען אין אכט שעה ווי אין 16—14. א שווייצער פאבריקס אינספעקטאר דערציילט פון א פראבע, וואס איין פאבריק האט געמאכט מיט דעם פערלענגערן דעם ארבייטסטאג פון 12 אויף 13 שעה. עס איז געוועזען א זא ערפאלג, אז דאס וואס מען האט מעהר אויסגעארבייט האט קוים אויסגערייכט דערויף, וואס די קאסטען פון דעם לענגערער בעלייכטיגען פון דער פאבריק האבען אויסגעטראגען. אין א וואל־פאבריק ווידער האט מען בערעכענט, אז די שפּינער פערדינען אין א געוויסע צייט ביי 11 שעה ארבייט 42 פל. און ביי 12 שעה 37 פל. אין שווייץ האט דער אינספעקטאר דר. שילער אויסגערעכענט אז ביי 11 שעה ארבייט זענען די פערדינסטען אויף 6% גרעסער, ווי ביי 12 שעה. „אין איין ווערקשטעל, האט מען פערקערצט דעם ארבייטסטאג פון 11 אויף 10 שעה.

נאך א יאהר האט זיך בעוויזען, אז ביי דעם איינענעם צאהלען פון שטיק האבען די ארבייטער ניט וועניגער פערדיענט און די ארבייט איז נאך בעסער געוועזען. מען קען נאך האבען א סך ביישפּילע, איך וויל אבער דערצעלען, וואס מען האט פערקירצט דעם ארבייטסטאג פון 10 אויף 9 שעה. אין א פאר אייזענפאבריקען אין שאטלאנד (ענגלאנד), האט מען איינגעפיהרט א 9־שעהדיגען ארבייטסטאג און מען האט געזעהן, אז מען ארבייט אויס דאס איינענע, טהייל מאל נאך מעהר, ווי פריער. אין בורמינגהאם (ענגלאנד) האט מען שוין אים יאהר 1866 פערקירצט דען ארבייטסטאג אויף $8^3/_4$ שעה און דער פאבריקס־אינספעקטאר דערצעהלט, אז די פערקירצונג פון דעם ארבייטסטאג ברענגט א גרויסען ניצען פאר דער פאבריק. די ארבייטער פיהרען זיך גאנץ אנדערש ביי דער ארבייט און נאך דער ארבייט. זיי זענען אלע געזונטער און דער פאבריקאנט ברענגט נאך פון זיך, אז די ארבייטער פערדיענען נאך מעהר, ווי פריער. איין מעססער־פאבריק אין ניי יארק טהיילט פאלגענדעס מיט: חאטש עס הייסט ביי אונז, אז עס איז א 10־שעהיגע ארבייטסטאג, ארבייט מען נאר 8 שעה, ווייל די אייגעטיהמער האבען זיך איבערציינט, אז די ארבייטער ארבייטען אין 8 שעה מעהר ווי אין 10 שעה. אים יאהר 1892 האט די פירמע מאללאן עט קאמפ. פערקירצט דעם ארבייטסטאג אויף 48 שעה א וואך און צוגלייך פערקלענערט די שכירות אויף 5%. מען האט אבער די ארבייטער ציגעזאגט, אז ווען די קאסטען פון דער ארבייט וועלען ניט גרעסער זיין נאך 6 חדשים, וועט מען זיי אלעס אויסצאהלען. די פראבע איז זעהר גוט געלונגען. דער ערפאלג פון דער 8 שעה־דיגער ארבייט איז אזוי גוט געוועזען, אז דער פאבריקאנט האט געזאגט: „איך האב געמיינט ווי אלע פאבריקאנטען, אז מען וועט מיר א סך וויינינער אויס ארבייטען, און עס האט זיך בעוויזען גאנץ פערקעהרט“. דער פאבריקאנט האט זיך נאך מעהר געוואונדערט, אז די פראדוקציע ביי דער האנדארבייט האט זיך אויך פערבעסערט. איך וויל שוין ניט מעהר אויס רעכענען, וואס פאר פראבען זענען אויסגעפאלען מיט דעם בעסטען ערפאלג און וויל נור אויפווייזען אן'אנדערע גוטע זייט פון דעם 8־שעהדיגען ארבייטסטאג.

מיר האבען שוין בעוויזען, אז דער ארבייטער מאכט דאס זעלבע אין 8 שעה ווי אין 11 שעה. ווי קען מען דאס פערשטעהן? ווען מיר וועלען זעהען, וואס פאר א איינפלוס האט די פערקירצונג פון דעם ארבייטסטאג אויף דעם לעבענסאופן פון די ארבייטער, וועלען מיר אלעס קלאר האבען. ווען מען האט אין שווייץ איינגעפיהרט דעם פערקירצטען ארבייטסטאג האבען פיעלע מענשען מורה געהאט, אז עס וועט נאר ניט גוטעס דערפון

---

איך האב עס דערקענט נאך די רייכע פארמען פון איהר שלאנקען קערפּער, און נאך דעם ווייכען, צארטען אויסדרוק פון איהר פרישען, בליהענדען פנים...

און זי האט מיר נעענטפערט, לייכט פערוואונדערט, מיט אזוינע ווערטער:

— ווי? דו ווייסט ניט, ברודער? היינט איז דאך אונזער גרעסטער יום טוב! היינט איז דער ערשטער מאי פון פונפציגסטען יאהר... אזוי ווי די נאטור פייערט אין דיעזען מאנאט איהר יום טוב, אזוי פייערן מיר היינט דעם יום טוב פון אונזער בעפרייאונג זייט פונפציג יאהר, זייט די ענדע פון דער סאציאלער רעוואלוציאן...

מיר מארשירען אין אונזער טעמפּעל, אום צו הערען די געשיכטע פון שקלאפעריי און בעפרייאונג פון די ליפען פון אונזער אלטען פרייהייטס־קעמפּפער, וואס האט עס אליין דורכגעמאכט... אט יענער אלטער, גוטער ברודער אונזערער מיט דער שנעע־ווייסער בארד, וואס פאהרט דארט אין וואגען...

און איך האב געזעהן, ווי נעבען א הויכען שעהנעם טעמפּעל. מיט געשליפענע פענסטער, אין וועלכע עס האט זיך געשפּיגעלט די זונן, האט מען דעם אלטען ארויסגענומען פון דעם וואגען, און פיהרענדיג איהם אונטער די הענד אין טעמפּעל, האט די מחנה איהם בעגריסט מיט פריידענס־געשרייען: „עס לעבע די פרייהייט, עס לעבע דער ערשטער מאי, עס לעבע אונזער גרויסער יום טוב!...“

און דער טעמפּעל איז געוועזען בעפוצט מיט בלומען און אויף די ווענד זענען געהאנגען בילדער, איינגעפאסט אין גרינע קראנצען, פון מארקס, ענגעלס, לאססאל, באקונין, טשערנישעווסקי, בלאנק, און נאך פון פיעלע, פיעלע אנדערע, מיר אונבעקאנטע...

און די מחנה האט פרעהליך געיובעלט, די מוזיק האט געשפּיעלט...

און דא איז פּלוצים שטיל געווארען. דער אלטער, מיט דער ווייסער בארד, איז ערשיענען אויף דעם פּלאטפארמע.

און אין זיינע אויגען זענען געשטאנען טרעהרען, דער פנים האט געשטראהלט פון טיעפער, איננערליכער פרייד, די ליפּען האבען געציטערט. און דאן האט ער אויפגעהויבען די האנד אין דער הויך און האט גענומען דערצעהלען...

און ער האט דערצעהלט פון הונגער, קעלט און דורשט, פון צרות, רחקות און יסורים... און ער האט דערצעהלט פון א לעבען אהן לעבען, פון לופט אהן לופט, פון פינסטערע קברים פיר לעבעדיגע און פון טויטע, וועלכע האבען ניט געקענט קריגען קיין קבר... און ער האט דערצעהלט א לאנגע, לאנגע געשיכטע פון טרויער, אונגליק, פערדערבען און מארטירעריי...

און דאן האט ער דערצעהלט, ווי זיינע חברים זענען געפאלען אין דעם לעצטען קאמפף פיר פרייהייט...

„דאס זענען געוועזען בראווע חברים; אין זייערע הערצער האט געברענט דער הייליגער פונק פון פרייהייט; מיט זייער ווארעמער בלוט האבען זיי אפּגעשווענקט די אלטע בארבארישע סיסטעמא פון דער געזעלשאפט און בעפרייטעט די ערד פאר אייך, מיינע קינדער!... זאלען מיר עהרען זייער הייליגען אנדענקען מיט זייער קאמפף מארש, מיט דער מארסעליעזא! עס לעבע דער הייליגער אנדענקען! עס לעבע די פרייהייט! עס לעבע דער ערשטער מאי!“

און דא האבען גענומען הילכען די טענער פון דער מארסעליעזע, צומישט מיט די בעגייסטערטע געשרייען:

— עס לעבע די פרייהייט! עס לעבע דער ערשטער מאי!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און איך האב זיך אויפגעכאפּט.

ל. ק.

שטאַנען אויך איניגע קאמיסיאָנסקאָנטארען. זייערע פאָדערונגען זענען געווען פאָלגענדע: דער ארבייטס־טאג זאָל דויערן 8 שעה, פון 9 דעם זייגער אין דערפריה ביז 7 אין אָבענד, דערין צוויי שעה אויף מיטאָגס־צייט; מען זאָל העכערן אלעמען די שכירות, בעגעהן זיך איידעלער; אין דער צייט פון אַ קראַנקהייט זאָל מען אין משך פון 3 חדשים צאָהלען גאַנצע שכירות, און נאָך דער קראַנקהייט זאָל מען צוריק אָנגעהמען אויף די שטעל; מבטל זיין אלע קאָנטראַקטען; מען זאָל האבען 2 וואָכען רוה יעהרליך; שבת צונאַכט זאָלען די קראָמען זיין פערמאכט, אויף יום־טוב דאפּעלט געהאַלט; עס זאָל זיין אַ שטענדיגע פערמוריטשונג פון די האַנדעלס־אַנגעשטעלטע, די קליינע יונגלעך זאָל מען נישט געבען קיין זייטיגע ארבייט; שכירות זאָל מען צאָהלען פּינקטליך יעדע וואָך, עס זאָלען בעצאָהלט ווערען אַלע חובות, וואָס ס'קומט ביז אהער, פאַר דער צייט פון סטרייק דאַרף בעצאהלט ווערען, איבער דעם שטרייק טאַר מען נים אָבזאגען קיינעם פון די האַנדעלס־אַנגעשטעלטע.

דער סטרייק איז געווען נים אין אלע קראָמען צוגלייך, נאָר נאָך איניגע טאָכען נאָך. די פערהאַנדלונגען פלעגען געפיהרט ווערען נים מיט יעדען בעל־הבית בעזונדער, נאָר מיט אַ קאָמיסיע, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען פון אַלע בעלי־הבתים אין יעדען פאָך. געענדיגט האָבען זיי זיך דערמיט, וואָס אלע פאָדערונגען אחוץ וועגען דעם אַר־בייטס־טאג — ער איז בעשטימט געוואָרען אויף 9 שעה, און נישט אויף 8 — זענען בעפריעדיגט געוואָרען.

ביי אונז א'ז נאָך גאָר אַנדערש!

דער סטרייק אין סאנאָק. טראָטץ די בעמיהונגען פון אונזערע פארטיי גענאָסען, וועלכע האבען זיך געסטארעט נים צו צולאָזען צו איין סטרייק אין סאנאקער פאבריק, ווייל די צייט איז נים געווען גינסטיג דערצו, איז דאָך דער סטרייק אויסגעבראָכען דעם 17־טען אפריל. נים לאַנג האט די דירעקציע פון דער פאבריק צו־וויסען געגעבען די ארבייטער, אז מען וועט זיי אראבנעהמען פון זייער פערדיענסט, ווייל די געשעפטען געהען נים גוט. עס איז זיך לייכט פארצושטעלען, וואָס פאר אנ'ארבייטער אין גאליציען הייסט אראבנעהמען איהם פון זיין אזוי אויך גענוג קליינעם פערדיענסט. דער לעטצטער טראָפּען, וואָס האט שוין איבער געגאָסען דעם נעדולט פון די אָרימע אַרבייטער, איז געווען די וויפלאַטע פון 15־טען אפריל, ביי וועלכער מען האט די אַרבייטער אבגעצוי־גען אלע הלואות מיט אַמאָל, אנשטאט ווי ביז אהער ראַטענווייז; די אַרבייטער זענען געבליבען אהן אַ גראָשען, און דא איז פאַר יום־טוב, ווען מען דאַרף אזוי נוטהיג געלד. דער סטרייק איז דעריבער געווען גיכער א פערצווייפלונגס סטרייק, אהן אנ'אויסרעכנונג. דער מיט ערקלעהרט זיך, אז גלייך אין צוויי טעג ארום זענען די ארבייטער געקומען צום פערשטאנד, אז אזא סטרייק, אהן הכנות און אין אנ'אונגינסטיגער צייט שאדעט זעהר וויניג די פאַבריקאנטען. עס איז דעריבער באלד געקומען צו אַבי עס איז איינ־גלייך און די ארבייטער זענען געגאנגען צוריק אין פאַבריק מיט דעם פעסטען בעשלוס ארייננצוטרעטען כאיש אחד אין די אָרגאניזאציע און צוגרייטען זיך פאמעלעך צו א זיגרייכען קאמפף.

# די רעוואלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאנד

## און אין רוסיש־פוילען.

א צערשטערטער פראגראם אין אדעס. דער אמעריקאנער סאָ־ציאליסטישער „פאָרווערטס" האט בעקומען א פריוואט בריעף פון אדעס, וועלכער ווארפט א שיין אויף די פערהעלטניסען אין רוסלאנד בכלל און אויף די לאגע פון די יודען בפרט. קיין גרעסערע אנארכיע, קיין גרעסערען אונארדנונג קען מען זיך פארשטעלען; פון דער צווייטער זייט ווידער זעהען מיר א גרויסען פאָרשריט ביי די יודען, דער מענשענווירדיגקייטס געפיהל ענטוויקעלט זיך ביי זיי זעהר שטארק, וואס ציינען אם בעסטען די גרויסע פאָרברייטונגען צו א זעלבסטפערטהיידיגונג.

אט איז דער בריעף:

„אדעס דען 25־טען [illegible] (9־טען מערץ).

„דיא וואך האט [illegible] זיך אין אדעס נעריכט אויף אונרוהען, דיא רעוואלוציאנערען האבען [illegible] מאכען א גרויסארטינע דעמאנסטראציע, דיא פאליציי האט געזוכט אויך עפעס א רויסצולאזען דעם פינסטערן פאלקס צאָרן און האט אויך געהאט ארגאניזירט א „גרויסארטינען" פאגראם. די יודען פון זייער זייט האבען ארגאניזירט מחנות פאר דער זעלבסט־פערטהיידינונג. די אלע דריי האבען זיך פארבערייטעט בסוד איינער פין'ם אנדערן. נור דורך די שפּיאָנען איז מען דערפון געוואהר געווארען. אום אם בעסטען צו ארגאניזירען דעם פאגראם, האט דיא פאליציי אהערצו אראפגעבראכט קרושעוואנען (דער חברה־מאן וואס איז געווארען אזוי „בעריהמט" דורך דעם קישינעווער פאגראם) פון פעטערסבורג, וועלכער וואלט נאטירליך נים אוועקגעפאהרען פון דאנען ביז נאך'ן פאגראם. דערווייל האט דער גראדאנאטשאלניק נעקראגען א מאסע בריעף אהן אונטערשריפטען, דאס אויב ער וועט נים ארויסשיקען קרושעוואָנען פון שטאדט וועט ער מיט איהם אין איינעם פליהען אין דער לופטען אויף באמבעס, און אויב ער וועט צולאזען צו א פאגראם וועלען אלע רעגיע־רונגס־הייזער אויפגעריסען ווערען מיט דינאמיט.

פרייטאג איז קרושעוואן אוועקגעפאהרען, צי דאס האבען די דראהונ־גען געווירקט, צו דער פאגראם איז שוין סיי ווי געווען פארטיג — דאס איז נים בעשטימט. שבת האט מען זיך נעריכט אז עס זאלען זיך אנהויבען די אנרוהען.

איהר קענט אייך פארשטעלען וואס פאר ערוואַרטונגען עס האבען אנגעפילט דיא הערצער פון די אדעסער איינוואהנער. פון איין זייט דעמאנס־טראציעס און געשלעג מיט קאזאקען, פין דער אנדערער א פאגראם אויף יודען. אלע געזונטע יודען האבען זיך אנגעשלאסען אן דער זעלבסט־פערטהיי־דיגונג. אלע האבען זיך בעוואפענט. די ציוניסטען וואס האבען מאגאזינען פון געוועהר האבען צוטהיילט זייערע וואפען, ביי אונז אין הויז זענען געווען רעוואלווערס, מעסערס, שווערדען, פיקעס און נאגאיקעס. אפילו פרויען האבען זיך בעוואפענט. דער יודישער ארבייטער בונד האט זיך אבגעטהיילט פון די רעוואלוציאנערען און האט זיך פעראייניגט מיט די ציוניסטען, צו זיי זענען אויך צוגעשטאנען די סטודענטען פון די אזיאטישע פעלקער, ווי די ארמע־ניער, די גרוזיינען און אנדערע. די יודען האבען צוטהיילט די רעקרוטען פון דער זעלבסט־פערטהיידינונג אין מחנות, און בעשטימט יעדען וואוהין ער דארף זיך מעלדען באלד ווי די אונרוהען וועלען זיך אנהויבען. די רייכע יודען האבען אבגעגעבען זייערע קווארטירען פאר האספיטעלער פאר די וואס וועלען פערוואונדעט ווערען אין קאמפף. אהינצו האבען זיך געדארפט מעלדען די דאקטוירים, די פעלדשעריצעס און די בארמהערציגע שוועסטער. מיט איין ווארט, אזעלכע אונטערטהעניגע צושראקענע יודען ווי אין קישינעוו וואלט שוין דא די רעגיערונג נים בעגעגענט.

א חוץ די אלע פארברייטונגען איז נאך א יודישע דעפּוטאציאן אוועק־געגאנגען צום גראדאנאטשאלניק בעטען איהם ער זאל די יודען פערטהיי־דיגען אין פאל פון א פאגראם. ער האט געענטפערט, אז ער וויס, אז די יודען גרייטען זיך פאר דער זעלבסט־פערטהיידיגונג, נאר אויב עס וועלען זיין דעמאנסטראציעס וועט פאר דער פאליציי אודאי זיין אונמעגליך איינצוהאלטען דאס פאלק, וועלכער רייסט זיך צו נעהמען נקמה פאר'ן קיסר, דעם טאטען, דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז א פאגראם איז ארגאניזירט, און אז אויב עס וועלען זיין דעמאנסטראציעס, וועט א פאגראם מוזען קומען, נאר אז די יודען מעגען זיך פערטהיידיגען. פון איהם איז די דעפּוטאציאן אוועק צום מעיאר פון שטאדט. זיי האבען איהם אפענהערציג אלעס אויסדערציילט און געגעבען צו פערשטעהן, אז אויב מען וועט צולאזען צו א פאגראם וועט אין אדעס פון די האנדגראנאטען נים בלייבען א שטיין אויף א שטיין. אין די הריגות וועלען זיין נאך ערגער ווי עס איז איצט אויף קאווקאז. דער מעיר איז אוועק צום גראדאנאטשאלניק. האט מיט איהם זיך דורכגערעדט וועגען דעם, דערנאך האבען זיי זיך דורכגעשריעבען מיט פעטערסבורג. דער סוף איז געווען, אז קיין פאגראם איז נים געווען.

אבער צו קיין סטרייקס און דעמאנסטראציעס איז אויך נים געקומען, דעם 19־טען פעברואר (דעם 4־טען מערץ) ווען מען האט זיך נעריכט, אז עפעס וועט געשעהן, האבען דיא דירעקטארען פון אלע פאבריקען איינגעלאַ־דען דיא ארבייטער אויף באנקעטען, געהאלטען פאר זיי ליבעראלע רעדעס, און מען האט זיי צוגעזאגט נאכצוגעבען דיא גרעסטע טהייל פון זייערע גערעכטען פאדערונגען, אין אויף אזא אופן האבען זיי די ארבייטער אבגעהאלטען פון סטרייקס און אונרוהען"...

אן ארבייטער מאניפעסטאציע אין פינלאנד. אויף דעם סענאטאָרישען פלאַטץ איז דעם 14־טען אפּריל ווידער געווען אַ מאַניפעסטאַציע פון אַרבייטער פערבאַנד אין די אַנטיאלקאלישע פעראיינען פאר דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט. צעהן טויזענד אַרבייטער האָבען פערנאַנדערגעוויקעלט רויטע פאהנען מיט אויפשריפטען: „דאָס וואָהלרעכט איז דער שליסעל, וואָס וועט אויפבינדען די איצטיגע סיטואַציע; מיר ווילען נים קיין חסדים, מיר פאָדערן נור רעכט!"

## פון די פעראיינען.

אַגיאלנעמיינע פערזאַמלונג וועט אָבגעהאלטען ווערען שבת, דעם 29־טען אפּריל אין פעראיין „Postęp" סטאַראָווישלנאַ גאס נומער 42 מיט דעם טאגעס אָרדנונג דער 1־טער מאי.

# ברידער און שוועסטער, גענאסען און גענאסינען!

עס ריקט אן דער 1־טער מאי, דער יום־טוב פון פראלעטאריאט פון אלע פעלקער. ער שטייט ניט געשריבען אין קיין שום לוח פון א נאציאן און רעליגיאן און דאך ווערט ער געפייערט פון די בעוואוסטזייענדע ארבייטער פון אלע נאציאנען און רעליגיאנען.

דער יום־טוב פון ערשטען מאי איז אן־אלגעמיינער. די ארבייטער קלאסען פון יעדער מדינה און נאציאן האבען זייערע ספעציעלע פאדערונגען, וועלכע ווענדען זיך אן דעם ארט און די בעדינגונגען וואו דער קאמפף קומט פאר. אבער אויסער די ספעציעלע פאדערונגען האט די ארבייטער קלאסע פון אלע מדינות און נאציאנען אלגעמיינע פאדערונגען, וואס ריהרען אן דעם פונדאמענט פון דעם היינטיגען קאפיטאליסטישען סיסטעם. דאס איז דער ריינער זין פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזמוס. אט די אלגעמיינע פאדערונגען, וועלכע זענען ניט אבהענגיג פון קיין שטעל און ארט, שטעלען די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט ארויס דעם 1־מען מאי.

אין דעם טאג פון ערשטען מאי ווארפען די ארבייטער זייער ארבייט; אין די ווערקשטעלען און פאבריקען הערשט רוהע, יום־טוב, יום־טוב הערשט ביי דער ארבייטער קלאסע, אויף דער גאנצער וועלט האלט מען אב פערזאמלונגען, מיליאנען ארבייטער ציהען מיט דער רויטער פאהן פון פרייהייט גלייכהייט און ברידערליכקייט אין די גאסען, עס ווערען בעמערקט די ארבייטער פעהנדליך מיט דער אויפשריפט:

„עס לעבע דער אכט שעה'דיגער ארבייטס טאג" א. ז. וו.

מיר פערלאנגען אן־אכט שעה'דיגען ארבייטס טאג, כדי די ארבייטסלאזינקייט זאל זיך פערקלענערען, עס זאלען ניט זיין קיין מחנות לײדיגע ארבייטער. וואס טרינקען זיך אליין אין עלענד און שלעפען נאך מיט אין דעם ים צרות די ארבייטער, וואס האבען ארבייט, אראבווארפענדיג די פרייזען ביז די מעגליכע גרענעצען.

מיר פערלאנגען אן־אכטשטונדיגען ארבייטס טאג. בכדי דער מענש זאל אויפהערען צו זיין אן־ארבייטסמאשין און זאל צייט האבען זיך אלס מענש צו בעטראכטען, אז אויסער דער פאך־ארבייט זאל ער אויך צייט האבען אביסעל זיך צו בילדען און ז. וו.

דער לאנגער ארבייטסטאג איז דער גרונד פון אלע צרות, פון אלע פערברעכען, דער לאנגער ארבייטסטאג פערקירצט דעם ארבייטער דאס לעבען. דעריבער רופען מיר: ניעדער מיט דעם אויסבויטערישען קאפיטאליסטישען סיסטעם! עס לעבע דער אכט שעהדיגער ארבייטס טאג!

אבער אונזער קאמפף איז ניט נור עקאנאמיש, נור אויך פאליטיש, מיר וויסען, אז אויב די לאגע פון דעם ארבייטער זאל פערבעסערט ווערען, מוז דאס פראלעטאריאט געווינען איין איינפלוס אויף די מיני אינסטיטוציעס. וואו דער נארמאלער ארבייטסטאג ווערט בעשטימט, וואו עס ווערט דאריבער איין עצה געהאלטען, וואס די אויסגעמוטשעטע ארבייטער זאלען אויף איהרע אלטע יאהרען טהון, דארט וואו מען לייגט אויף אונז ארויף שטייערן. דערפאר פערלאנגען מיר, אין די אינסטיטוציעס, וואו רעכטע ווערען געקאוועט „אלגעמיינעס דירעקטעס און גלייכעס געהיימעס וואלרעכט".

אין דעם יום טוב פון 1־מען מאי פראטעסטירען מיר דאגעגען, דאס יונגע מענשען, ווי זייערע שענסטע יאהרען ווערען אוועק געריסען פון זייערע פאמיליעס, און באשעפטיגונגען, צום מיליטערדיענסט. און אויך דער איצטיגער קריעג בעווייזט אונז וויעפיעל טויזענדער און אבער טויזענדער מוזען זייער לעבען מקריב זיין אין דער מלחמה, פאר א פרעמדער זאך.

טויזענדער זעלנער הרגענען אוועק זייערע „שונאים" אין גאנצען לאנד הערשט א גרויליכער קריזיס, טויזענדער עקזיסטענצען זענען פערניכטעט, טויזענדער פאמיליעס רואינירט.

אין דאס געוויין פון מיטער'ס, אלמנות, און יתומים בעגלייטען יעדען קריעג. מיר פערלאנגען אז אלע זאלען זיין זעלנער אבער קעמפפען זאל מען דעמאלט ווען מען וועט דארפען פערטיידיגען די בעדראהטע פרייהייט, און דאס שולם פון פאלק.

און דעם טאג פון ערשטען מאי הערט מען די אלע, פאדערונגען אין דער גאנצער וועלט, און די טויזענדער פון ארבייטער, וואס דעמאנסטרירען, ווייזען די קראפט וועלכע עס שטייט אונטער די פאדערונגען, און דאס פאלק לאזט זיך נישט איינוויענען. דער בעסטער בעווייז פון דעם איז די יעצטיגע רעוואלוציאן אין רוסלאנד און אין פוילען. — אין דער צארישער מלוכה, וואו מען האט ביז יעצט אונטערדריקט יעדען פרייען געדאנק, וואו די קעמפפער פון דער רעוואלוציאן און פערשריט זענען געדריקט מיט תפיסות, סיביר און תליות — האט אויסגעזעצט מיט א ליכטיגען פלאם א ריעזיגער פייער פון דער רעוואלוציאן. פון אלע זייטען פון דער צארישער מלוכה קומען אן ידיעות איבער גענעראלסטרייקען און אטענטאטען.

דער פייער האט ארומגענומען גאנץ רוסלאנד. דער פראלעטאריאט פון אלע פעלקער קעמפפט — און עס איז נאהנט די צייט, ווען אונטער דעם שטורם פון די פאלקסמאסען וועט אומפאלען די צופוילטע געביידע דער צאראט. איבער דעם קנאל פון ארמאטען, קומט צו אונז אריבער א מעכטיג קול, פון די פראלעטאריער, פון אלע פעלקער וואס שמאכטען אין דער גרויסער תפיסה, פון דער צארישער מלוכה: „ניעדער מיט דער זעלבסטהערשונג, עס לעבע די רעוואלוציאן.

א בעזונדערע בעדייטונג האט דער יום טוב פון 1־טען מאי פאר דעם יודישען ארבייטער פאלק. מיר מאניפעסטירען אין דעם טאג די ברידערליכע סאלידאריטעט. מיט אלע פראלעטאריער פון אלע נאציאנען, מיר ווייזען דאס דער ארימער יוד, וועלכער איז ביז א צייט געגאנגען „חפו ראש" האט זיך אלס מענש דערפיהלט, פערברידערט זיך מיט די פראלעטאריער, פון אלע נאציאנען, אין דער גרויסער מלחמה פאר מענשליכע פרייהייט און מענשליכעם גליק.

גענאסען! קומט אלע כאיש אחד צו די פערזאמלונג און מאניפעסטאציעס פון דעם 1־טען מאי, אין דעם טאג איז א גרויסע צעהלונג פון אונזערע קרעפטע, דעריבער זאל קיין יודישער פראלעטאריער פעהלען.

עס לעבע דער יום טוב פון ערשטען מאי;
עס לעבע די אינטערנאציאנאלע ארבייטער־סאלידאריטעט;
עס לעבע דער סאציאליזמוס!

---

## געעהרטע גענאסען!

מאנטאג דעם 1־טען מאי אום 8 אוהר פריה וועט שטאטפינדען אין פעראיין „פאסטעמפ" איינע יודישע

## פאלקס פערזאמלונג

מיט דעם טאגעס ארדנונג: 1) דער 8 שעה'דיגער ארבייטס טאג, 2) דאס אלגעמיינע גלייכע דירעקטע וואהלרעכט. 3) אינטערנאציאנאלע פערברידערונג פון פראלעטאריאט גענאסען ערשיינט מאססענהאפט, פון דארט וועט זיין דער פאכאד צו די

# אלגעמיינע פאלקס פערזאמלונג

וועלכע וועט זיך אן פאנגען 10 אוהר פריה אין דער אויעזדזשאלניע אויף די רייסקע גאס. נאך מיטאג אום 3 איהר ווירדו שטאטפינדען איין פעסטון אין קראקויער פארק.

דער עקזעקוטיוו קאמיטעט
פון דער פוילישער סאצ. דעמ. פארטיי.

Dodatek do Nr. 4 „Jüd. Arbeiter Zeitung".
Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie



Zofia Biesiadecka

Oświęcim.



Przez Wysokie ck. Namiestnictwo koncesyon.

## Biuro PODRÓŻY

**Zofii Biesiadeckiej**

**Oświęcim (dworzec)**

sprzedaje bilety okrętowe

## do Ameryki

I., II. i III. klasy dla parostatków pospiesznych, oraz bilety kolejowe dla kolei północno-amerykańskich we wszystkich kierunkach.

**Ceny ściśle wedle taryf okrętowych i kolejowych**

**Bilety okrętowe do Kanady** i bilety kolejowe kanadyjskie.

Prospekty darmo i opłatnie.

צו בעקומען אין אלע גרעסערע געשעפטען

## PARVEOL

!!

די ריינסטע

גוואראנטירטע

פפלאנצונגס

פוטער

פארטרעט פאלשטענדיג

דאס נאטירליכע פוטער.

נויטהיג אין יעדער יודישער

קעך צום קאכען, פרעגלען

און באקען.

פון דער פאבריק פון יאנ. זינגער אין ביעלסק (עסטרייכישע שלעזיען).

דער גענ. פערטרעטער פיר גאליציען און בוקאווינא :

**Simon Loria, Kraków, Sebastayna 20.**

**Tajny memoryał kuratora warszawskiego Szwarca**

w sprawach szkolnych

Cena 1 kor. Cena 1 kor.

**Strejk polityczny w Królestwie Polskiem**

Cena 2 kor. Cena 2 kor.

Do nabycia we wszystkich księgarniach oraz administracyi „Naprzodu“ i „Przedświtu“ (Kraków, Grodzka 50). Zwracający się wprost do administracyi, nie ponoszą kosztów przesyłki.

## = F. MISSLER, BREMEN. =



## CESARSKIE PAROWCE

| | |
|---|---|
| „Kaiser Wilhelm II.“ | 215 metrów długi |
| „Kronprinz Wilhelm“ | 202 metrów długi |
| „Kaiser Wilhelm der Grosse“ | 198 metrów długi |

**jadą z Bremy do Nowego Yorku 6 do 7 dni.**

Odjazd we wtorki.

**Cesarskie** parowce jadą tylko z **Bremy**, kto więc chce **cesarskimi parowcami** jechać, **może zupełnie swobodnie bez przeszkody podróżować, n**ikt nie ma prawa zabronić mu tego. Każdy powinien już w domu postanowić w jakim kierunku jechać zamierza i nie powinien w drodze dać się namówić, lub odwieść od swego zamiaru.

**Każdy ma swoją wolną wolę i może za swoje pieniądze podróżować dokąd chce.**

W każdym jednak razie należy się zawczasu postarać o miejsce na statku, a dla zapewnienia tegoż należy wcześnie nadesłać na mój adres 20 koron zadatku.

**F. Missler, Bremen, Bahnhofstrasse 30.**

Do

## Ameryki!

**jakoteż do innych zamorskich krajów** przeprawia **najtaniej** powszechnie znana firma

## B. Karlsberg, Hamburg

Ferdinandstr. 15.

☛ **Nim kto szyfkartę kupi, niech porówna moje ceny z cenami agentów okrętowych.**

## Skład Piwa Karwinskiego

Jego Eksc. hr. Larisch-Mönnich'a

Kraków, ul. Poselska 15 — Telefon. 431

poleca P. T. Publiczności swoje wyśmienite piwa

jako specyalność

**PIWO ZDROWOTNE**

à la Kulmbachskie

## (Granatbräu)

**I PIWO CESARSKIE**

à la Pilzneńskie, beczkowe i butelkowe.

jako specyalność

**Wysyłka do domu. — O liczne zamówienia uprzejmie uprasza**

*Skład Piwa Karwińskiego*

Wydawca i odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross.

Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie.